# אינהאַלט

## ויאמר: לאָגאָס

מיר איז שטאַרק נוגע, מיר גייט'ס ממש אין לעבן אַריין – זאָלסט מיך דערקענען, זאָלסט זיך דערקענען און דערשמעקן...

**לייב קוויטקאָ, גרין גראָז, 1922**

## געדענקשאַפּט

די בענקשאַפֿט
האָט פֿיל פּנימער,
פֿיל פּנימער און בליקן
וואָס יעדערער קען יעדעמען
דערשטוינען און דערשטיקן
נאָר דו,
דו זאַמלסט פּנימער,
היטסט זייער טאָן און ניגון,
אַז ס'זאָל שוין קיינער
קיין מאָל מער
זיך ווידער ניט צעקריגן
מיט געדענקשאַפֿט.

# דער יידישער טשאַבאַן פון דאָראָהאָי

פאַר משה לעמסטער

דער יידישער טשאַבאַן פון דאָראָהאָי
האָט אונדז געזאָגט: דער בורא, ברוך שמו,
האָט מיר באַשערט ניט ווייניק לאַנגע יאָרן
דורך וועלכע כ'האָב ניט ווייניק שאָף פאַרלאָרן
אויף גרינע פּאַשעס לעבן דאָראָהאָי.

אַ פלעמל אין די אויגן זיינע בלוי
האָט כלומרשט אויסגעאָטעמט "ברוך שמו"
און מ'האָט דערזען דורך שמייכל זיינעם קלאָרן,
אַז ביטער־גיך פאַרביי זיינען די יאָרן
און ס'פעלן גאָר ניט ווייניק שאָף אין דאָראָהאָי.

דאָס לעבן איז אַ פּאַשע, דער זכרון – שטרוי,
די יאָרן אויסגעלעבטע פאַרוואַנדלען זיך אין חלום
און ווען סע שלאָגט די שעה טאָ ווער וועט דאַן, פאַרטרויט,
שוין מאַכן ווי ס'געהער צו זיין נאָך מיר אַ מלא,
נאָך מיר, נאָך מיינע לעצטע שאָף, נאָך אונדזער דאָראָהאָי?

דער יידישער טשאַבאַן פאַרחלומט שטייט אַזוי
געזעגנט זיך מיט אונדז און ווינטשט אונדז: פּאָרט לשלום
ער קאָן און וויל שוין מער ניט מאַכן קיין הבדלה
די גרינע פּאַשע ווערט באַלד טונקל־גרוי
אַלץ ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ לאַנגן, לאַנגן חלום.

## ערב געזעגענונג

איך זיץ אויף דער סאָבאָרנע
און ניגון אויס אַ ליד.
היינט ז'וויניצע אָסאָבענע
באַרוישט פון מיין וויזיט.
קיין סימן פון אָסקאָמינע,
כאָטש וואונד מיך ווייטער בריט.
צום לעצטן מאָל אפּנים דאָ,
אויפסניי זיך איינגעליבט...

איך זיץ אויף דער סאָבאָרנע
און ס'ווינט זיך אויס אַ ליד:
אָ, וויניצע, מיין וויניצע,
האָסט קוים זיך אויפגעהיט
און איך, דיין שטיף־מזיניקל,
פֿאַר אַלץ באַצאָלט מיט בלוט,
ווינטש דיר, מיין שטאָט אומזיניקע,
ס'זאָל זיין דיר וואויל און גוט.

אַך וויניצע, מיין וויניצע...
צי אפשר גאָר ניט מיין?
און גראַמען שפּרינגען, קיבעצן,
דאָס האַרץ צעשטראַלט פון פּיין...

איך זיץ אויף דער סאָבאָרנע דאָ,
מסתם צום לעצטן מאָל,
באַטראַכט די שטיבער וויניצער
פון היינט און פון אַמאָל
און קלער פון מענטשן יידישע
וואָס פלעגן לעבן הי...
פֿראָשטשאַי, גוד־באַי, מיין וויניצע,
איך לאָז דיך באַלד "צע־רי".

## Trzeba tańczyć, trzeba śpiewać

פּוילישע יאַטן און יאַטיכעס
פּאַרשטעלטע פּאַר יידן,
פּאַר רויטבאַקיקע יידישקעס,
טאַנצן און זינגען און שרייען...

אַן עלטערער יאַצעק
אין טלית און תפּילין
מיט אַ קינסטלעכער באָרד
וויגט זיך און וואַקלט זיך
מיט ניגונימס שיריים...

אַזויפּיל ניט יידישע פּנימער
שלינגען און שלינגען
און שלינגען
דעם געוויין
פּון צעכראַסטעטן פּידל

און בלאָנדע קראַסאַוויצעס
האָפּסלען,
מיט פּיסעלעך דריגען
און דריגען
און דריגען...

וואו ביסטו, פּארשטעלטער וואַסיל?!
די וועלט די פּאַרשטעלטע
וויל לאָזן דיך גריסן:
מיט דיינעם אַ ניגון,
מיט דיינס אַ טיף יידישן וואָרט,
מיט דיינעם אַ פּיזמון...

צי ביסטו שוין ווידער אַרויף
אין די הויכע היכלות
פון אויבן,
נאָר קאָנסט מער
ניט אומקערן זיך
אין די נידער
וואו ס'אייביקן שטויבן?

און סע טרייסלען זיך
ווילד און צום טאַקט
פאַלשע בערד, פאַלשע פאות
מיט פאַרשוועכטע
טליתים,
בעת פון אויבן צעשטומט זיך
פון לעבן דער צרור,
פראַווען אומעטיק לוסטיק
באַל מאַסקאַראַד –
די מתים.

# מוזיק אין גיהנום

מוזיק אין גיהנום,
ווי קאָן עס געמאָלט זיין?!

צי קאָן עס געמאָלט זיין
גאָר אַנדערש?

מוזיק פון גיהנום,
פון טיף אין דער נידער
ווען ס'רייסט זיך אַרויס
און עס ברעכט זיך
דער ניגון
מיט ווייטאָג'ס
אומענדלעכן וואַנדער.

אַרויס פון פיר איילן
פון פיין און יסורים
פון תשעה באב טאָל
אָן אַ ברעקעלע פורים
צום טורעם
פון ליכט
ניט דערגרייכטן
פון יענעם,
וואָס האָט
זיך
צעפליקט
מיט מוזיק אין גיהנום...

און ס'ציטערן קלאַנגען
צעטרייסלענדיק וועלטן,
זיי גרייכן ביז הימל,
און ביז מאָרגן,
ביז שפּעטער...

און ווערטער
זיך קלעמען
איבעראַנאַנדער:

מוזיק אין גיהנום,
ווי קאָן עס געמאָלט זיין?!

צי קאָן עס געמאָלט זיין
גאָר אַנדערש?..

## מאַמע רחל

די מוטער רחל
וויינט אויף אירע
קינדער
און די קינדער
קערן ניט
דערמאָנען
זייער מוטער.

לאַנג פאַרגעסן
וואָס ס'איז אסור
וואָס ס'איז מותר
לויפן זיי אַרום
ווי בלינדע
שאָף און רינדער
אָן אַ מורה־דרך,
אָן אַ קול
פון פּאַסטעך.

הערצער שטאַר
פאַרשפאַרט,
פאַרבלענדט
פון קליינע יאָכן.
הענט און פיס
צעכראַסטעט
איבער בייכער,
אָנגעשטאָפּט
מיט שוואוילטאָג,
ליידיק פּאָכען.

אוי ווי ביטער
ס'יאָמערט אויס
איר ווייטאָג
צום כביכול,
איר געוויין
לדורות,
די געטרייע
מוטער
רחל.

# יידישע שטיבער אָן יידן

יידישע שטיבער
אָן יידן
און יידן
אָן יידישע היימען –
איך ווייס ניט,
איך ווייס ניט,
כ'הייב ניט אָן
צו פֿאַרשטיין:
ווי זשע טראָגט מען
אַריבער
די הייזער
צו יידן
און די יידן אַליין
אין זייערע אייגענע
היימען?

כ'האָב געזען
ווי דער גרויסער,
דער אַלטער בית־עולם
אין מאָלעוו
ווערט אַליין שוין
צוביסלעך, אינגאַנצן
אַן עליו
השלום

און מעבר־לים –
די האַרציקע
קינדער פון ייִדן,
זייער שטאַם
נאָך פאַרהיט
יענעם שטויב
פון די בויערס
פון דער וועלט׳ס
פּיראַמידן...

נאָר צי קערן זיי וויסן
דערפון,
פונעם שטויב,
צי פון דויער דורך שימל,
פון אוראַלטן
בטחון
טיף פאַרוואָרצלט
אין קרקע,
איינגעפלאַנצטן
פון הימל?

כ׳האָב געזען
און באַוואונדערט
מיט פרייד
און מיט מיטלייד
האַלב צעבראָכענע
ייִדישע שויבן
און איך זוך
זייער אָפּגלאַנץ
און אויסלייז,
זייער תיקון
אין יונגע
פון ייִדן־אָפּשטאַמיקע
אויגן...

יידישע אויגן אָן יידן
און יידן
גלייך ווי אָן אויגן, –
איר וועט מוזן געפינען צוריק
יענעם פונק
וואָס גייט כלומרשט
פאַרלוירן

ווייל צי קען דען
דער ניצוץ
וואָס שלאָגט זיך
און ווערט זיך
גיין גאָר לאיבוד?
ס'ועלן, נאך, מירטשעם,
אַ פויק טאָן
אין יידישע הערצער
די נעכטיקע,
היימישע שטיבער!..

## ביסט דאָרטן ניט געווען

ביסט דאָרטן ניט געווען און קיינמאָל וועסט ניט זיין דאָרט
די ריחות ניט געשפּירט, די קלאַנגען און די פאַרבן
אין זיך ניט איינגעזאַפּט. און פאָרט עס טאָר ניט שטאַרבן
דער ציטער און די צאַרטקייט פון אויסגעוואָרצלט וואָרט.

די פּוסטקייט שניידט זיך איין מיט שמייכל פון אַ שאַרבן,
אַ שטומען עדות סיי פון גליק און סיי פון מאָרד.
פאַרשווינד זשע, פּוסטקייט! דאָ און דאָרט, אויף הייליק אָרט,
אַ מענטשלעך שטיל געוויין וועט אַלעמען אונדז אַרבן.

## דנעפּראָפּעטראָווסק

דער טייך איז מעכטיק ברייט און פֿול, און רייף
ער שפּרודלט אין זיין פֿלייצנדיקן רחבֿות
די ברעגן האַלטן קוים אונטער די פּאַכוועס
די שפע פֿון זיין ווירבל־קיניגרייך

און מעוועס פֿליען, פֿליען שטאָלץ און לייכט
איבער די וואַסערן וואָס שלייכן זיך פֿאַרנאַכטיק
ווען לעצטע שיין פֿון טאָג זיך שפּיגלט אינעם טייך
אי פֿול מיט גבֿורה, אי הכנעהדיק אָנמאַכטיק

און אויף דעם רעכטן ברעג דו זיצסט פֿאַרגאַפֿט
און קוקסט זיך איין אויף יענעם ברעג, אויף לינקן –
דנעפּראָפּעטראָווסק, אַ ווייט פֿאַרוואָרפֿן ווינקל –
אַן אויפֿבליץ, אַ פֿאַרגאַנג פֿון וועלטישן באַשאַף

# ס'איז דער צאָרן ניט־באַרעכטיקט

ס'איז דער צאָרן ניט־באַרעכטיקט
כאָטש מיט מיקעס איבערפול
פיל־און־פול די כוסה עכטיקט
איבער גרענעצן אָן גבול

און דאָס האַרץ טוט זיך אַ ציטער
נאָר ניט טרייסלען זיך די הענט
ביימער שאָקלען זיך צעצוויטעט
איבער אויסגעבענקטע ווענט

און די ווערטער – מיד און מידער
הערן פּאָרט ניט אויף דעם גאַנג
זייער האסטיקער האַרמידער
קעפּ און הערצער ווייטער פאַנגט

ניין, ניט צאָרן, נאָר געדרודער
טוט אַלץ שטייגן איבער אַלץ
ווי פון ים פון טרערן – זאַלץ,
שטאַרקט אייך ברידער, –
אויף דערווידער
טוט אַ שמייכל, מאַכט זיך האַרץ.

## אין בוקאָווינע...

אין בוקאָווינע, צווישן די קאַרפּאַטן בערג
מיין לשון איז אַנטשטומט געוואָרן
פאַריתומטע בתי־מדרשים
האָט מען דווקא ניט צעשטערט
רק אוראַלט יידישער געזאַנג
האָט זיך אויף אייביק דאָ פאַרלאָרן
און ס׳קלעקט קיין ווערטער מער
אַזאַ מין רחבותדיקע פּראַכט
זיך ציט אַרויף, אַראָפּ
קיין מזרח און קיין מערב
די זון טוט לאַנג זיך זעצן
שעהען, שעהען לאַנג
ביז שפּעט
עס וועט
זיך איבערקרייצן
מיטן סוף
פון שטומען מעריב

# ניגון

די ווייטקייטן אַלץ נעענטער
די נאָנטשאַפטן דערווייטיקט
און איינזאַמער און עלנטער
די מאָרגנס טיף פאַרצייטיקט

די שטרעקעס ווייט צעצויגענע
די סטאַציעס קורצווייליק
די מיילן ניט דערפלויגענע
די טריט אי קליין אי איילִיק

און ווערטער ניט דערטראָגענע
און ווערטן טיף פאַרשוויגן
ווי מידע, ניט דערשלאָגענע
קוים זשיפּענדיקע פליגן

נאָר אָט אין מיצקע דרינען גאָר
אַ ליכטיק רייפער ניגון
פון יאָר צו יאָר
גראָד דור צו דור
אַלץ שאַרפער, קלערער, קליגער

# פֿאַרפּילן פּראָפּילן

פֿאַרפּילן פּראָפּילן מיט שמייכל
און סילועטן מיט אויגן און ליפּן
און מאָלן, און מאָלן, און גרייכן
צו יעטווידן פּרט פֿון דעם פּנים
דעם ליבן

אַ קלייניקייט עפּעס – צו מאָלן
בפּרט ווען סע דאַכט אַז אפּנים
אַלץ ווערט שוין צו־נישט, ווי פֿאַרפֿאָלן
אין לאַבירינט פֿון זכרון
צי׳ אָן אים

איז דווקא דערפֿאַר זאָלסטו מאָלן
פֿאַרשטעקן דעם וויסטן פֿאַרפֿאָלן
פֿאַרפּילנדיק ליבע פּראָפּילן
מיט שמייכל

צום לעבן צוריק צו דערגרייכן
פֿון יענער זייט סילועטן
און מאָלן, און מאָלן
און וועקן

## אַ זון מיט אַ פראָסט

אַ זון מיט אַ פראָסט ווי ביי פושקינען, כ׳לעבן
דו ביסט עס אינמיטן און איך בין דערנעבן

סיי וואַסער, סיי פייער, סיי דויער און אומרו
און ס׳הילכט אַלץ דער עכאָ: ושמרו, ויאמרו

אין זויבערן שניי פאַרכאַפּט אין דער זשמעניע
עס זינגט אַלץ דער עגאָ: הינני, הינני

צעבויגסטו די פינגער – די שנייעלעך ווײנען
און ווערן מגולגל אין טרערן אין ריינע

וואָס רינען און בענטשן, ווי אָקערשט דו האָסט,
דעם פייער, דאָס וואַסער, די זון און דעם פראָסט

# דערמאָנונג

אַ ווייסע נאַכט איז פּאָרט אַ נאַכט. מסתמא
שלאָפלאָזיקייטן אַלע פון איר שטאַמען.
פֿאַרהאָנגען אַלע פענצטער, נאָר אַנטשלאָפן
ניט ווערן אין דער נאַכט דער ווייסער – סטראָפן

אין שטאָט וואו ס׳וואַרפט אויף אַלץ זיין לאַנגן שאָטן
דער רייטער קופערנער מיט זיין פערדס בייזן אָטעם
דעם קאַלטן. זייער מוראדיקער גליווער
פאַרקריכט דיר אונטער קאָלדרע קידער־ווידער.

אַ ווייטע שוין דערמאָנונג, נאָר מסתמא
עס לעבט אין דיר דער גלעט וואָס ס׳האָט די מאַמע
געשאָנקען דיר אין יענער נאַכט אין ווייסער
פאַרטרייבנדיק דעם רייטער דעם בעל־כעסן.

פון דעמאָלט אָן יאָרצענדליקער פאַרלאָפן
אַוועק שוין און אָט באַלד ווי ניט געוואָרן
נאָר ס׳טויכן־אויף כסדר דורך די יאָרן
איר גלעט, די ווייסע נאַכט, די וואַכע סטראָפן...

# אַ בריוול פון דער פרעמד

דיין רייצנדיקע צאַרטיקייט
מאַכט אומרואיק און ווילד
איבער די ווייטסטע ווייטקייטן
וואָס כ׳בין אין זיי פאַרהילט

פאַרוואָרפן און פאַרלוירן גאָר
אויף יענער זייט פון ים
אין חלום כ׳זוך דיך, אויף דער וואָר
כ׳גיי אויס מיט יעדן שפּאַן

מיט יעדן שפּאַן
וואָס פירט
און פירט
נאָר ניט דערפירט
צו דיר

מיט יעדן שלונג
פון פרישער לופט
וואָס כ׳שלינג
און שלינג
אָן דיר

די ראָד פון דיינע מילדע הענט,
דאָס ליכט פון דיין געזיכט –
אויך אין דער ווייטער, ווייטער פרעמד
באַגליקן אומגעריכט

און אויב ס׳איז מיר פון היינט באַשערט
צו ווערן – בלינד און בלויז
ווערט מיר דאָס פולע האַרץ ניט שווער
ווייל ס׳גייט נאָך דיר באַלד אויס.

*

דו קוקסט און פרעגסט אַמאָל מיט כּעס:
וואו זיינען, זאָג מיר, דיינע אויגן?
און איך פאַרענטפער זיך און שפּאַס:
די אויגן זיינען זיך צעפלויגן
אין אַלע זייטן פון דער וועלט,
אין אַלע ווייטקייטן און עקן,
נאָר תמיד ס׳קערט דער בליק צעהעלט
זיך אום כדי דיך אויפצואוועקן...

*

דו טוסט אַמאָל אַ פרעג:
וואו זיינען דיינע אויגן?
וואָס קאָן איך ענטפערן דערויף? –
די אויגן זיינען זיך צעפלויגן,
נאָר אָט, קוים טוסטו מיך אַ רוף,
ווערט ס׳פליען זייערס ניט געשטויגן,
זיי קרייזן באַלד אַראָפּ צו דיר
און טוקן זיך אין דיינע אויגן.

## rendez-vous

דו זוכסט דעם מאָרגן
און באַמערקסט ניט
אַז ער, דער מאָרגן,
איז שוין היינט.

און איך,
איך זוך און זוך
דעם נעכטן,
נאָר ס'דאַכט מיר אויס –
דו האָסט עס פֿיינט.

איז אפֿשר
איידער זיך פֿאַרבאָרגן
און אַלץ נאָר
פֿון דעם נעכטן באָרגן,

צי אויגן אויסקוקן
אויף מאָרגן,
וואָלט בעסער זיין,
אַזוי מיר שיינט,

מיר זאָלן ביידע
פּראָסט, אָן זאָרגן
זיך טרעפֿן
היינט?

# לעצטע בענקשאַפט

ס'צעשפּאַלט זיך באַלד דאָס לעצטע שטיקל האַרץ
און שווערער ווערט עס אַזוי ווייט פֿון דיר צו דעכען
דעם בליק פֿאַרבענקטן האָבן אונדז פֿאַרשוואַרצט
די מיילן און די שטרעקעס ווילדע, פּעטע, פּרעכע

אומהיימלעך איז אָן דיר, לעם דיר די היים איז ווייט
געדאַנקען ווי נאָך־בלינדע הינטלעך שטופּן זיך
און נישטיק אויסגעליידיקט ווערט די צייט
אַליין ניט וויסנדיק וואוהין־צו זי זאָל רוקן זיך

און אַלץ פֿאַרלירט דעם זין, אינגאַנצן אַלץ
אי פּוסט־און־פּאַס, אי ליידנשאַפטלעך ליידיקלעך
אָ גאָט, צי קען מען דען אַזויפֿיל בענקען אייביקלעך
אָט ס'שפּאַלט זיך באַלד דאָס לעצטע שטיקל האַרץ

# וואָס הערצאַך?

דושינקע־סערצע,
דו פרעגסט מיך
"וואָס הערט זיך?" –
וואָס זאָל איך דיר זאָגן? –
דער מוח מיר קערט זיך!

דאָס האַרץ ווערט צעפּיצלט
אויף טויזנטער שטיקלעך
אין אַן אַלטינקער צייטונג
ענג איינגעוויקלט.

די פינגער – צעטרייסלט,
די אויגן – צעשפּרונגען
און אַ פייער צעבריט מיך
מיט טויזנטער צונגען!

אָן דיר, מיין נשמה,
די וועלט מיר פאַרקערט זיך,
דושינקע־לעבן,
דושינקע־סערצע.

## כלומרשט גרינגער

ס'איז שוין געוואָרן גרינגער
און סע דאַכט –

אַז איצטער בלויז
צען, עלעף מאָל אַ טאָג
פון דיר איך טראַכט.
ניט מער ווי איין מאָל
יעדע שעה,
בעת איך בין וואַך.

און ווען איך שלאָף,
דאַן בין איך ערשט
מיט דיר גאָר וואַך.
אינגאַנצן
בלויז מיט דיר –
די גאַנצע נאַכט.

דערנאָך, אויף מאָרגן
הייבט זיך אָן
די זעלבע זאַך –
אינגאַנצן
צען, צי עלעף מאָל
ווער איך פאַרטראַכט.

און כ'ווייס ניט,
וואָס איז בעסער
טאָג, צי נאַכט?
אין האַרץ –
אַ שאַרפער מעסער
האַלט די וואַך...

ס'איז שוין געוואָרן גרינגער...
נאָר איינס מיר דאַכט –

סיי ווען איך שלאָף,
סיי ווען כ'פֿאַרבלייב
גאָר אויף,
עס ברויזט אין מיר,
מיך אויסצודרייען מאַכט –
דיין וואָר, דיין קול, דיין גוף...

## ווײ און ווינט

ווען איך וועל ווערן
אַ ווינט אַ גרינגער
וועל איך פֿאַרגעסן
ווי איך הײס
און אויסגעטאָן
פֿון זין און שווײס
כ׳וועל ווײען, ווײען
ווי ס׳פּאַסט פֿאַר ווינטן
איבער די שטרעקעס
צעדולט, צעצויגן...

נאָר אײנס
וועל איך פֿאַרוואָר
געדענקען
און זוכן, נישטערן,
און בענקען,
אין ווײטסטער ווײט
פֿאַרפֿלויגן, –
דאָס גרין־העל־בלויע
ליכט פֿון ים
פֿון דײַנע אויגן.

# אָסיען

געליבטע, כ׳שטאַרב צו ביסלעך אויס,
מיט מיר צוזאַמען גוססט – אָסיען.
דער לאַנגער זומער איז שוין אויס,
דיביימער – אומעטיק פֿאַריתומט.

נאָר טאָמער זאָגסטו בלויז אַ וואָרט,
אַ וואָרט פֿול טרייסט און לינדן צערטל,
ווערט מילדער אַלץ דאַן אויפֿן אָרט
און גרינגער ווערט מיין קלייניניק ווערטל.

פֿון ווערטל ווערט אויפֿסניי אַ וועלט,
דער טראָט ווערט זיכערער און מונטער
און כ׳נעם באַלד פֿליען, שטאָלץ צעהעלט,
איבער דער ערד דער רוישיק בונטער.

געליבטע, וואַרף נאָך ניט אַוועק
דעם פֿייכטן בליק וואָס כ׳טו דיר שיקן,
ווייל אויך דער ווינטער האָט אַן עק,
ווען פֿרילנג קומט די וועלט דערקוויקן.

נאָר אויבע ניט, אויב ניט באַשערט –
איז דאָך אַ זכות מיט אָסיען אויסגיין:
דאָס ליד – אין הימל, ס׳מויל – אינדרערד,
מיין ליבשאַפֿט – טיף אין דיינע אויגן.

## antifreeze

דער געפערלעכער פראָסט
וואָס האָט בייזלעך פאַרקאָוועט די וועגן,
ווי־אַזוי זאָל מען אים
איצט צעווייקן, צעשמייכלען,
צעשמעלצן,
אַז מיט טויבן פאַרדראָס
ווערן הייטערע בליקן פון לעבן
איינגענורעט טיף־טיף
אין פאַרצייטיקע פעלצן?

און סע דאַכט: אומעטום,
אונטער שנייאיקן קראַך
זיך פאַרוואַלגערט
האָט דער לעצטער פאַרזיי,
אויסגעשטעלט שוין
אינגאַנצן
אויף אומברענג...
קענען פאָרט דען אויף אייביק
פאַרפרוירן גיין הייסע פאַרלאַנגען
צווישן ווינטערשע ווייטן
פון ווייסן, פאַרקאָוועטן אומעט?

ס'מאַכט ניט אויס וואָס סע דאַכט,
אַבי־נאָר צו קיין וואָרער ממשות
זאָלן גאָרניט דערגיין
אָט דער גליוווער פון קעלט,
אָט די הינטישע
האַרבע זאַווייען,
ווייל אַ תליה און שייטער
שוין שטייען פאַרגרייטע
פאַר דעם פראָסטיקן
המן־הרשע
און די בליקן וואָס טליען
וועלן אָט־אָט
אַ פלאַקער טאָן
ברייטער

## דערוואַכונג

דו האָסט אַמאָל געפֿרעגט, צי דאָס איז שוין דער סוף
צי ס׳איז געווען דאָס לעצטע ליד, און מער וועלן ניט קומען?
און כ׳האָב אַ קלער געטאָן ״אוי, סאַראַ שטראָף!
אַ שטומע ליידנשאַפֿט רק מערט דעם גרעסטן אומעט״.

נאָר ניין, מיין ליכטיקע, ס׳איז בלויז אַ לאַנגער שלאָף,
אַ לאַנגער בערן ווינטער־שלאָף וואָס נעמט אַרומעט
די אויסגעבענקטע שורות, סטראָף נאָך סטראָף –
די סטראָפֿעס אָפּגעמלעטע אויף לאַנגן תמיד.

נאָר אויך דער לענגסטער תמיד האָט לסוף אַן עק
כאָטש ס׳נעמט צו־מאָל צו לאַנג ביז סע דערצאַנקען
דער ווײ, דער פּײַן, די בענקשאַפֿטן אָן ברעג...

ביז ווערטער אויפֿגעוועקטע נעמען זיך אין וועג
צו דיר, צו דיר, צו דיר, מיין האַרציקע, דערלאַנגען.

## ליד און פויגל

אַ פויגל זינגט ניט
ווייל עס האָט
עפּעס מודיע זיין דער וועלט
נאָר פּראָסט און פּשוט
ווייל ס'פאַרמאָגט
געזאַנג וואָס קלינגט
און ליד וואָס טרעלט

און טאָמער ווילט איר
קליפּ און קלאָר
זיך מאַכן וואָס זיין ליד באַדייט
וועט אייך ניט סטייען
גאָר קיין צייט
ס'געזאַנג צו גרייפן
אויף אַ האָר

## רייד און שטילקייט

שיין געזאָגט
און קלוג געדברט
אדרבא, אדרבא

טיפע ווערטער
ווי די ווערטן
אין דער וועלט
איבערגעקערטער

און צומאָל
מיט קלאַנגען קרעלן
טוט אַ ניגונדל
זיך קוועלן

פּלוצים שטילקייט
ווי אין אויער
מידע ווילדקייטן
קאַפּויער

בלויז די צייט
טיקטאַקעט
ווייטער
טאַקע, טאַקע
הייטער, הייטער

נאָר סע דאַכט:
– עך מיר אַ גדולה,
רק פאַרוויגן
בלוטן הייסע!..
– ווילסט
אַ שמצל גאולה?
מהיכי תיתי!..

## איך און דו

משה־אהרן קערלער

איך ווער אַלץ קלענער,
קלענער, קלענער
דו ווערסט אַלץ שענער,
שענער, שענער
און אַז איך וועל ווערן
גאָר־גאָר קליין
וועסט דו ערשט ווערן
גאָר־גאָר שיין
און וועסט
דיין הויכע שיינקייט
ברייטהאַרציק
מיר שענקען.

## מענטש און ביימער

די ביימער דאַוונען שטייענדיק
מיט אַלע צווייגן־גלידער
זיך שאָקלענדיק
אין רייען שטיל
אַ הערלעכע עמידה

און דו, בן־אדם, אָך־און־ווײ
פֿאַרגעסן שוין די תּפֿילה
אַלץ טראָגסט זיך, יאָגסט זיך
פֿון זיך אַליין
ווי נאָך דער וועלטס נעילה

## גאָלד און זילבער

דער טיפֿער גאָלד פֿון דיינע האָר
פֿאַרוואַנדלט זיך אין ריינעם זילבער
אין יעדן קנייטש דיין שמייכל קלאָר
רק קוועלט און זינגט.
איך שטיף, איך שפּיל מיר...

דער טאָג ווערט קערצער
נאָר דערפֿאַר
הערט ער ניט אויף
אַלץ ווייטער ווערן

טאָ זאָל זיין דויער
און זיין שכר
אונדז ביידן
פֿרייד מיט נחת
מערן

## היובריס און נעמעזיס

איך בין געווען
זיין טרייער היובריס
האָט ער פֿאַרוואַנדלט מיך
אין זיין נעמעזיס
איצט זוכןביידע מיר
איעדערער באַזונדער
צווישן חורבות
די אָפּגעבליאַקעווטע
שטיקלעך אמת

## ליד און פּראָסט

דיינע לידער, ט'זי געזאָגט,
נאַרישע און פֿלאַכע
און דו אַליין – אַן אידיאָט
און אַ דבר־אחר!

טאַקע יאָ, געענטפֿערט האָסט,
ביסט גערעכט אינגאַנצן...
און דער פֿלאַכקייטס עקבער־פּראָסט
שטעכט און שטעכט אין האַרצן...

## זומער, זומער

זומער, זומער,
דו ווידער שטאַרבסט
און ווידער, איידער פאַלן
זיך גיסן אָן מיט גאָלד די בלעטער
אַיעטווידער זאָל ווערן
פֿאַר צווייג־און־שטאַם
אַ גוטער בעטער
בעת ווינטער־שנייען
ווערן שוין פֿאַרגרייט
אין סאַמע האַרץ
פֿון האַרבסט

## אַ לאָך און אַ לאַך

דער קונה קומט צו גיין און מאָנט אַלץ נייע סחורה
און דו פֿאַרשעמטערהייט באַגלייטסט אים שטיל אַרויס,
ווייל נישטיק איז דיין קלייטל, קליין און אָרעם
און זיין פֿאַרלאַנג איז אומגעהייער גרויס.

דעם קונה קוקסטו נאָכעט שטאַרק באַדויערט
נאָר ווייסט, אַז מאָרגן, איבערמאָרגן קומט ער נאָך.
ווי זאָלסטו אים מיט נייער סחורה טאָן באַזאָרגן
אַז דיינע בידנע מיטלען זענען ווערט אַ לאָך?

אַ לאָך? וואַרט אויס, אַ לאָך איז אויכעט עפּעס
פֿון לאָך קאָן מען אויסמייסטרעווען אַ זאַך!
מערניט פֿאַרבייט דעם קמץ אויף אַ פּתח
און ווערסט אַ וועלט פֿאַרדינען מיט דיין לאַך!

צומאָרגנס קערט זיך אום אויפֿסניי דער קונה
און קוקט דיין שמייכל אָנעט מיט פֿאַרדאַכט...
נאָר שפּעטער גייט ער שוין אַרויסעט אָן תרעומת
און זינגענדיק ער שפּאַנט אַהיים און לאַכט.

## צייט און זייגער

– וויפֿל קאָסטן וואָלט אַשטייגער
אָט־אָ־דער־אָ פֿיינער זייגער
אויב נאָר, אויף אַ גוטן אופֿן,
איר וואָלט וועלן אים פֿאַרקויפֿן?

– אָט דער זייגער, ליבער פֿריינד,
(וויפֿל זאָל ער טאַקע קאָסטן?)
אַ מייאָנטיקל מיט צייט
אין יאָרהונדערטער געמאָסטן.

– אַ מאיאָנטיקל מיט צייט
וואָלט איך גלייך באַצאָלן זיכער,
נאָר דער שעלמיש בייזער וויכער
האָט פֿאַריאָגט עס העט ווי ווייט...

– ניט געפֿערלעך, אויך מיין זייגער
איז שוין מיט דער צייט ניט זיכער
(ווייל ער גייט ער, ווייל ער שטייט ער)
איבער יענעם בייזן וויכער.

– בלייבט עס, הייסט עס, גאָרניט טאַקע –
ניט קיין צייט מיט עכטן דויער,
ניט קיין זייגערלס טיקטאַקען, –
שהי־פּהי, תוהו־ובוהו...

– אָן סכנות! – וויכער, שמיכער,
מיט אַ קעלישעק לחיים
לאָמיר יעדע רגע גיכער
בענטשן, לוסטיק זיך אָטכייען!

– – – – – – – – – – – – – – –

דאַכט זיך וואָס, אַ שמועס זשוואַווע
טרייבן צווישן זיך צוויי זקנים...
כ'טו אַ קוק און אויף מיין זייגער
אַ מאַיאָנטיק ווערט פֿאַרזשאַווערט.

## געזעגענונג

איך פֿאָר אַוועק, איך פֿאָר אַוועק
פֿאַרגרייט דאָס ביסל מינץ
און היידאַ נעם איך זיך אין וועג
טיף, טיף אין עק פּראָווינץ

און איר, געזונט פֿאַרבלייבט און שטאַרק
און דאגהט ניט פֿון מיר
ס'וועט הוידען אויך אָן מיר דער מאַרק
און סקריפּען יעדע טיר

און טאָמער טוט איר ווען־ניט־ווען
דערמאָנען מיך – אַ וואָרט
זאָל זיין אַ קורצס און גאָרניט מיין
אַבי מ'דערמאָנט זיך פֿאָרט

און איך אין ווייטן, טעמפּן עק
געדענקען וועל איך אַלץ
ווי ס'האָט ביי אייך נאָך אייך געבענקט
מיין רוי־צעוואונדיקט האַרץ

איך פֿאָר אַוועק, יאָ כ'פֿאָר אַוועק
ס'פֿאַרהיילט זיך באַלד די וואונד
און כ'ווינטש:
אויף יעטוויד טראָט און שטעג
בלייבט מונטער, שטאַרק, געזונט...

# ווידער נאָווי גאָד

ס'האָט פּלוצים זיך צעשפּילט אַ זאַווערוכע
די הימלען – האַלב פֿאַרחושכט, האַלב צעהעלט
דעם קאָטערס שמייכל שוועבט איבער די רוחות
און ס'וואַרפֿט זיך אין קדחת גאָר די וועלט

אַ קלייניקייט, צי וואָס?! דאָס יאָר, דאָס נייע
האָט איינגעריסן זיך אינמיטן שטיין און גיין
און אַלץ צעמישט, צעוויכערט אַלץ אויפֿסניי דאָ
די שטילקייט מיט געלעכטער, מיט געוויין

שפּילט, ווינטן, שפּילט אַ טראָוועריקס, אַ פֿריילעכס
די אַלטע וועלט זאָל ווידער ווערן יונג
און ווען זי'ט טענצלען מיט געזאַנג ר' אלימלכס
וועט ניט אויספֿעלן אויך קיין שאַרפֿן י"ש אַ טרונג

און פּלוצים ווערט אַלץ, שאַ־און־שטיל, אַנטשוויגן
די שטילקייט האָרכן אַלע – קינד און קייט
בלויז ווייטע קוים דערהערטע שטערן רואיק וויגן
די הויכע שוואַרצע הימלען קאַלטערהייט

## יוגנט

א.

וואָס מער
כ'דערווייטער
זיך פֿון דיר,
מײַן יוגנט,
אַלץ נעענטער
דו ווערסט מיר. –
דאָס איז קלאָר,
כאָטש ס'ווערט
ניט קלערער
מיר
דײַן ברויזנדיקע
צוקונפֿט –
פֿון יאָר צו יאָר...

ב.

קאָן זײַן
אַז דער צווייטער גן־עדן
איז בעסער
דער סאָד – היימיש קלענער
און דו – כלומרשט גרעסער
נאָר ס'ציט דיך כסדר
צום ערשטן גן־עדן
וואו אַלץ איז נאָך פֿריש
און צאַפּלדיק
איידל

# שאָטן

כ׳האָב היינט זיך באַגעגנט
מיט דיין שאָטן –
אַ גלאַנציקער שאָטן כ׳לעבן!
שטאַרק איז ער אין דיר געראָטן
בלויז דו –
ביסט ניט געווען דערלעבן...

האָט דער שאָטן אַ מרוקע געטאָן:
ווער זענט איר?
האָב איך אויף צוריק תמעוואַטע געשוויגן.

ניט שוין זשע, – קלער איך ביי זיך, –
דערקענט ער
מיך גאָרניט? דער, וואָס עס פלעג זיך
מיט מיר אַזוי קליגן?

און כ׳טו ווייטער זיך קלעטערן אַרויף
אויף די שטיגן
פאַרביי דיין שאַנד און פאַראיבער מיין שאָדן.

ווער וויל דאָס אומזיסט און אומנישט
זיך צעקריגן
מיט אַ בלינדן, טויבן,
צעיאַכמערטן שאָטן?

## עקזיסטענציאַליזם אָדער פיר לשונות בגוף אחד

איך שפּיל
זיך
נאָר זיך אַליין
כאָטש איך אַליין
באַשטיי
פון גאַנצע פיר
באַזונדערע איכן
וואָס יעדערן כ׳שפּיר
ווי ער טוט פון מיר קריכן
און איך אַליין,
אַליין, אַליין, אַליין
אויף אַלע פיר
באַמי זיך
נאָכקריכן
נאָך זיי

און זיי,
זיי
פּריוון שפּילן מיך
פון קאָפּ ביז די שיך
יעדערער
לויט אַן אַנדער מין סימפּאָניע
גלייך ווי כ׳וואָלט זיין
אַ שטיקל פילהאַרמאָניע
זיי ציען אויס ביי מיר דעם קליי
און זאָגן: גיי, שוין גיי,
אַזוי וועט זיין געראָטן!

און יעדערער
שלעפּט־מיט זיין פּאַרטיטור
מיט אייגענע נאָטן
מיט אייגענער פּאַקטור
און יעדערער
מאָנט און דערוואַרט
כ'זאָל באַלד
נאָכטאַנצן אַלע זיינע טענער
נאָך הערלעכער און שענער
ווי פריר

פרעג איך ביי זיי:
ביז ווען וועט זיין דער שיעור?

דאַן ווערן זיי
אויף אַ ווײַלעטשקע אַנטשוויגן
און איך
איך הייב שוין ווידער אָן
צו שפּילן
זיך
נאָר זיך אַליין
שטיל און שטאָלץ
און עלנט
ווי אַ שטיין.

## מיין ליבע, דו שלאָפסט ניט?

– מיין ליבע, דו שלאָפסט ניט?
– ניין, ניין, ניין...
איך שלאָף און איך זע ווי עס פאַלט דער שניי
אויף דיינע געקרויזלטע, שיינע האָר
און גרייט בין שוין בלייבן אַזוי ביז קאַיאָר
צו היטן אין דרימל אַזוי לעבן דיר
דעם אָנקום פון דיינעם אַ פרישן באַריר...

– מיין ליבער, דו שלאָפסט שוין?
– יאָ, יאָ, כ'שלאָף גאָר ניט
בלויז ס'טוט מיר אין האַרצן דיין דרעמלען אַ שניט
און ציילן כ'טו רגעס – אַ שעה נאָך אַ שעה...
צוביסלעך צערינט זיך די צאַרטקייט... אַ שאָד...
דיין אָטעמען שלינג איך און שלינג איך אַלץ איין –
מיין ליבע, מיין טרייע, מיין איינציקע שיין

* * *

די בעסטע שורות קומען
ווען דו שלאָפסט
בעת איך האַלב־וואַכזאַם
האָרך דיין מילדן אָטעם
וואָס שאָרכט אַלץ
ריטמיש קלאָר:
– דאָס וואַכן איז אַ בלאָף...
ביז איך אַליין
ווער דיין
געטרייער
שאָטן

# פּאָרטרעטל

פיל גראַציעזער אינעווייניק, ווי פון דרויסן.
פיל נאַרישער ווי עמיצן עס דאַכט,
אַמאָל אין אונטערוועש, אַמאָל אין הויזן
און זעלטן ווען בפירוש אויף דער וואַך.

און גרייט צומאָל מיט ווילדע חיות הויזן,
צומאָל מיט אַנדערע נפשות זאַלבע אַכט,
אַבי מע זאָל אים לאָזן גראַמען לויזע
אויסלייזן פון צעדולטן טאָג־און־נאַכט.

און וואַך ווען אַלע שלומערן פאַרכוסהט,
און ניכטערלעך פאַרדרעמלט ווען סע דאַכט,
אַז מיטן אויפשטייג נייעם פון יאָרטויזנט
זיין וועלט אַיעדן טאָג אויפסניי זי קראַכט.

און טאָמער שרייט ווער: "נייע וינטן ברויזן!
עס ווערט אַ וואָר אַ נייע דאָ געמאַכט!"
איז ער ניט גרייט די בשורהלע אַנטשפּויזן
און לייגט אויף יענעם שרייער ווייניק אַכט...

מגושמדיק, נאָר ניט פֿון אינעווייניק,
און גאָרניט אַזוי קלוג,
ווי ס'וואָלט זיך אים געוואָלט
דאָך בלייבט ער מיט זיין אומרו –
רואיק אייניק
און זאַמלט ווייטער
פֿון דער שקיעה
הויפֿנס גאָלד.

6 מערץ 2009

# אַזאַ מין טאָג

ס'איז היינט אַזאַ מין טאָג, אַ ליכטיקער, אַ גרינגער
און לופטיק ווערט די וואָג און דו אַליין ווערסט יינגער

און ס'דאַכט אַ נייער טראָט וועט טאָן אויף נייעם שטאַפּל
פון ברייטן וועלט־באַראָט זיין דרייסטן, ערשטן צאַפּל

די יאָרן פול מיט פרייד באַפרייען דיך פון ווייטיק
נאָר אַלץ וואָס טוט דיר וויי איז אויך געדענקען נייטיק

און אַלץ וואָס דיר געשען און אַלץ וואָס דיר געוואָרן
פאַרזיווגט מיט רעפריין פון גיכן גאַנג פון יאָרן

באַפליגלט זאָלסט זיין־גרייט צו בענטשן וועלטס געפילדער
ס'איז היינט אַ טאָג פון פרייד, אַ ליכטיקער, אַ מילדער

6 מערץ 2010

## פופציקסטער געבורטסטאָג

דו פילסט שוין אין די ביינער
אַז יינגער וועסט ניט ווערן
מיט דיר צוזאַמען שטיינער
קייקלען זיך און יערן

און לייגן זיך אַנידער
צופוסנס ביימער שטאָלצע
נאָר דו נעמסט שפּאַנען ווידער
דאַנק־גאָט, ניט אויף קיין שטאָלצן

און אין די פּיאַטעס בריט דיך
אַ יונגער וואַנדער־פייער
באַרוישט פון רייפע לידער
אויף ברייטע שליאַכן פרייע

באַזוניקט און באַרעגנט
מיט מזל און מיט ברכה
דערפילסטו אין די ביינער
וועסט נאָך אַ וועלט פאַרקאָכן

6 מערץ 2008

# דער גרייזער דוחק

אפילו
דער אַלטיטשקער
דוחק
ווערט אויכעט
צומאָל איבערפול
מיט קרוכלע שוין
נויטן
וואָס הענגען,
עס דאַכט זיך,
צעלויזטע
ווי זינלאָזע קייטלעך,
ווי הילפלאָזע צויטן
כלומרשט
צעפוילטע.

נאָר פּאָרט
יענער דוחק
צעשרויפּטער
איז נענטער און ליבער
פון טויזנטער
פלאַמיקע רייד
וואָס לייגן אין פייער
דאָס האַרץ, וואו עס הויזן
געמיטער,
דעם גייסט, וואו עס לעבן
אויך ווייטער
די היימישע שטיבער
(כאָטש זייער געביין
איז פון לאַנג שוין
אין טיפקייט פון היימלאָזע
גריבער...)

ביסט מוחל די טובות
דעם יונגן
צעפלאַקערטן נויטוועגד
און שענקסט שטילע
ברכה
דעם דוחק
דעם הויכן
שוין זאַטן מיט יאָרן,
וואָס אייביקט
דערווייל טאָג־נאָך־טאָג
און דערמוטיקט
און טאָרעט
זאָלסט, חלילה,
ניט ווערן צעקראָכן,
ניט אומגיין
פאַרלאָרן!..

# באַגער

קום, קום אַהער,
באַגער,
וואָס האָסטו זיך אַזוי
צעכראַסטעט,
אַז יעדע אַבי ווער
גלעטסטו מיט בליקן
האַסטיק
און ווילסט ניט דרעמלען
מער,
ניט שלומערן, ניט שלאָפֿן,
רק ווילסט די אויגן
דיינע
צעפּראַלט האַלטן
און אָפֿן?!

קום, קום אַהער,
כאָטש אויף אַ ווײַלע
שטעל זיך אָפּעט,
צי שפּירסטו ניט
די צייט
ווי זי גייט אויס
אַ טראָפּן
נאָך אַ טראָפּן?
און דו אַלץ כאַפּן
בליקן
זיך זאַנאַדיעט
ווי זעמדלעך
אויסגעטרוקנטע
פֿון ווינט געיאָגטע
איבער וואַדי!

נאָר פּאָרט,
צוריקגערעדט,
מיט יעדן
זשעדנעם
בליק דיינעם
עס אָטעמט
דער גרונטיקער
פּאַרקער
וואָס מאַכט די וועלט
אַלץ מער געראָטן,
דער ליכטיקער געבאָט
וואָס מאַכט אורוועלטן
יינגער,
קום, קום אַהער,
באַגער,
מיט אַלע דיינע זיבן פינגער.

## Adieu Tristesse

איך געזעגן זיך ווי תמיד
ניט אויף אייביק
ניט אויף אייביק
איך געזעגן זיך ווי תמיד
ווייל כ׳בין גלייביק
אַז מיר ווען זיך נאָך טרעפן
וועלן ביידע זיך דערשלעפן
טאַקע צו אַ גוטן תמיד
און ביים הויכן פייערדיקן עמוד
וועלן מיר אַ תפילה טאָן
אָט קאָנטראַפּונקט
אָט אוניסאָן
צווישן מלכותדיקע
אויסגעפּוצטע
פייערלעכסטע פּענער
אויף דער הערלעכער
דער שיינער
וועלט
דער יענער...

## דערמאָנונג וועגן דער צוקונפט

דו דערמאָנסט זיך אין דער צוקונפט
און עס ווערט דער היינט דיר העלער:
הויכע וואָלקנס, שלאַנקע רוקנס,
אָן שום פינצטערניש פון קעלער.

און דו הערסט גלייך אויף צו בענקען
נאָך דער שלווה, נאָך דער שטילקייט
אין די קלאַנגען טוסט זיך שווענקען,
אין די מילדקייטן פון ווילדקייט.

און עס טוט ניט באַנג דער נעכטן
נאָר די פרייד פון גוטן שמייכל
העל באַשיינט דאָס אומדערגרייכטע,
דעם געמיט, דיין טרייען ווערטער.

מענטשן, זייט זיך ניט מיאש!
אַלע וואַסערן און שטערן
וועט דער בורא מאורי האש
צו דער אייביקייט אומקערן,

און דער מאָרגן, אָך דער מאָרגן.
וועט אויפסניי שוין ווערן אומקונפט
מאַכט אַ וואַרע, לעבט אַ ווײַלע
איידער ס'פאַלט באַלד צו די צוקונפט.

## "דער שונא ביי די טויערן"

ווערלוולען

די בראַווע רייד אוראַלטע
פון די העלדן פון תנך
דערהערט מען קוים
דעם דופק זייערן
אַז ס'דאַכט דיר אויס צו־מאָל
כאַפּסט־אויף נאָר

פּאַך – פּאַך – פּאַך...

אפילו ניט קיין גרילץ
רק סקרוך גרייכט אין די אויערן
פון אונטער האַרט געשטיין
צעוואָלעט אויף דער פלאַך
וואו ס'פלעגן מיט יאָרטויזנטער
צוריק
שטיין שטאָלצע מויערן

נאָר פלוצים טוט דער קלאַנג
פון טעמפּער דזשיבעריש אַ לאַך
מיט קלאָרן לשון פון תנך
וואָס נעמט אין האַרץ דיר בויערן
וואָס מוטיקט דיך, און וואָרנט דיך:
זיי רואיק, שטאַרק, און וואַך

דער שונא ביי די טויערן!

## קוואַזי מוסר

ס'איז היינט אַ שוואַרצער טאָג
פון פעסט פאַרקלאַפּטע טירן
אַיעדערער פאַרשפּאַרט זיך
אין זיין שטאַל
און טאָמער ווער אין דרויסן
עמיץ טאָן אַ פאַל
וועט זעלטן ווער די הענט צעפירן
בעת מוסר־זאָגערס, עצה־געבער
האָט מען גאָר אַ שלל

נאָר קומען מוז דער טאָג
ווען הערצער ווערן אָפן
אי אינעווייניק
אי פון דרויסן
פון גרויסער ליכט באַשטראַלט
און טאָמער וועט דאַן עמיצער
די וואונדער־ליכט פאַרשלאָפן
פאַרפעלט ערביידע וועלטן
איבעראַל

און דו, מיין ליבער פריינד, הער אויף
צו קלאָגן
"אַ שיינע וועלט", "אַ מיאוסע וועלט!.. –"
ס'איז אַלץ עגאַל
"וואָס קאָן מען טאָן"
איז תמיד גרינג צו זאָגן
נאָר ווייטער טאָן און זאָגן
בלייבט נאָך אַלץ
דער כלל

## גערעכט צי ניט

א.

הער גינטער גראַס, איר זענט גערעכט:
די וועלט קאָן האָבן אַ מפּלה.
זי איז ניט זיכער מער, די וועלט,
און ס'ציטערט פּלישטימס אַיאַטאָלע
איבער דער וועלטלעכער געפאַר
וואָס לויערט איבער אַלץ און אַל
צוליב אַ לענדעלע אַ קליינס
וואָס הייסט ישראל.

ס'איז גרויזאַם ביטער דער וועלטס גזר,
ניט העלפן וועט דאָ קיין יללה –
כל־זמן פאַרניכטונגס דראַנג ווירוואַר
צעווילדעוועט זיך מיט בהלה
פון אומגעהייער טיפן האַס
צום לענדל וואָס איז ניט קיין שפּאַס,
וואָס מעכטיקט זיך אין גבולן שמאָלע...
איר זענט גערעכט, הער גינטער גראַס

ב.

גערעכט איז דער
וואָס מיינט
ער האָט דאָס רעכט
גערעכט צו זיין
ווי ס'איז גערעכט
דאָס פעסל עסיק
וואָס מיינט:
כ'בין פול מיט וויין!
ווי ס'איז גערעכט
דאָסווערעמל אין כריין
וואָס זאָגט: ס'איז מלא טעם
און מלא חן!
און ס'איז גערעכט
אויך דער
וואָס מוסר זאָגט

זיין גנאָד און חסד
איז די זיסקייט פֿון דער קלאָג
וואָס ער צעטרעסעט
איבער וועלט
מיט כלומרשטיקער פּיין
ווייל ער, רק ער
פֿאַרמאָגט
דאָס רעכט
גערעכט צו זיין

# קוקט אויף דער וועלט מיט שמייכלדיקע אויגן

קוקט אויף דער וועלט מיט שמייכלדיקע אויגן
וועט ווייכער ווערן אויך די כמורנע וואָר
איר מענטשלעכקייט – אַ קאַפּעלע דערהויבן
איר ליכטיקייט – דערמוטיקט אויף אַ האָר

און "אויף אַ האָר" איז גאָר אַ מאָס אַ וואַזשנע
ווייל אָפּט עס הענגט דערויף די גאָרע וועלט
פון חכמי בבל ביז דעם רב דעם דראַזשנער
פון סיני'ס מידבר־גלי ביז די סיבירער קעלט

און טאָמער ווילן אויגן מער ניט שמייכלען
וועט אויך די וואָר ניט ווינקען אויף צוריק
און גאָרניט וועט ניט העלפן. טוסקלער בליק

וועט רק דעם צער־און־צאָרן פריקרע כפלען,
פאַרכמאַרעדיק אַלצדינג מיט טיפע צווייפלען
כאָטש נעם און הענג זיך אויפעט אויף אַ שטריק.

# אַליין איז די נשמה?

אַליין איז די נשמה
די וואָלקנס ליכטיקע
אינגאַנצן שוין פֿאַרביי

די שוואַרצע כמאַרעס
שיקן שוואַרצן זאָמען
אויף מינדסטן פּיצל חיי וקיי

אַליין, אַזוי אַליין,
אַז ס'דאַכט
ס'איז אָן אַ נאָמען

רק ס'בלייבט נאָך
עלנט ווי אויף וואַסער
דאָס ביסל קיי און שפּיי

ניט מער, ניט מער
אַ ברעקעלע תרעומת
בלאַסע
נאָך זשיפּעט ווי ניט איז
דערביי

אַליין
אַליין
צי טאַקע שוין פֿאַרוואָר אַליין אינגאַנצן
די נשמה
?

## תפילה

כ'דאַרף דיך האָבן זייער נייטיק לעבן זיך,
כאָטש איך ווייס אַז לעבן מיר איז דיר ניט זיכער,
ווי ניט־זיכער איז דעם קלוגן אלף־בית
אויסצושטיין שטיל־שווייגנדיק דעם בייזן וויכער.

כ'דאַרף כסדר נערן זיך פאַרגלייבט
אין דיין אייביק רייפן, אייביק פרישן אָטעם,
נאָר דאָס ווערן דאָ מיט מיר פאַרדרייט
קאָן, חלילה, אויספאַלן אונדזביידן באָקאָם.

ניין, ניט איך
און ניט דיין וועלט זענען צעדרייט,
נאָר אוודאי ניט אין מיר
איז דיין באַשאַף געראָטן...

טאָ אפשר דווקא צוליב דעם
כ'בין גיריק, לאָער, גרייט
שעפּן שפּע ליכט
פון דיין פאַרשטומטן שאָטן?..

## צו דער צייט

עס וועט אַלץ קומען צו דער צייט
אפילו אויב די צייט אַליין
איז ניט בנמצא
אפילו ווען
די נאָנטסטע נאָנטשאַפט
אין דער ווייט
פֿאַרקרימט זיך

און אַלץ וועט צו דער צייט אַוועק
אַנטרינען אָן אַ מינדסטן שפּור
אין ניוועץ
אפילו ווען עס שפּרודלען
וואַלד, און טייך, און ברעג –
ס'אַ קיבעץ

אפילו ווען דער זכר בלייבט
אַליין ביים ראַנד
פֿון אויסגערונען ווערן
דער טאָג – צו קורץ,
דער וועג דעם טראָט צערייבט
אָן טרערן

עס וועט אַלץ קומען צו דער צייט
דער צייט אַליין גאָר
אויף דערווידער
און צווישן אָנקום און אומבייט
רק איינס נאָך דויערט
רק איינס פֿאַרבלייבט –
לידער

# קעגן טאַנדעט

טויזנטער אויף טויזנטער, מיליאָנען, אָדער מײַן
טאַנדעטנע טראַפּאַרעטעווען מיט גראַמען, צי אָן זיי
און פּלאָדיען־אָן פּאַרפּלייצנדיק מיט לידער אָן אַ סוף
די גאָרע וועלט, פֿאַרשטויבנדיק איר אומרו און איר שלאָף.

דו, מאַך זיך דאָך ניט־וויסנדיק, דו, מאַך זיך מעשה־תּם,
ווער ווייטער מיטגעריסן נאָר מיט אַלץ וואָס האָט אַ טעם,
מיט קלאַנג טיף איינגעזשנטן, מיט נאָכקלאַנג פֿון זאַוויי
היט־אויף דעם אָטעם עכטיקן פֿון לייד, פֿון פֿרייד, פֿון וויי.

## זייל פון זאַלץ

דו זאָגסט:
קוק זיך ניט אַרום,
דו זאָגסט:
קוק ניט אויף צוריק
און איך –
איך הער דיך אויס
שטום
און ס'הענגט
מיין שווייגן
אויף אַ שטריק

דו זאָגסט:
קוק זיך ניט
אַרום
און איך –
כ'וויל ווערן
אַ זייל פון זאַלץ
און איך –
כ'דערשטיק אין זיך
דעם ברום
פון ברעכיק האַרץ

דו זאָגסט:
קוק זיך ניט
אַרום
פאַרגעס, פאַרגעס.
פאַרגעס
אין אַלץ
נאָר איך –
כ'פאַרגעס
צו שמייכלען קרום
און ווער
אַ זייל פון זאַלץ

# בן אדם מה לך נרדם

בן אַדַם, מה לך נרדַם?
ס'טייטש? אַנטשלאָפן געוואָרן, בן־אָדם?!

שטיי אויף ווי אַ לייב פון פלאַם
און מעכטיק זיך קעגן דעם צאָרן און אָטעם
אין די לונגען איין די ערשטע לופט
פונעם נייעם טאָג!

אַ פרישינק ווינטל ווערט אַנטגופט
פון אַלטער פלאָג

אַ גרעזל אַ נייס נעמט שפּאַלטן
דעם נאַרישן
אַספאַלט
דעם בולוואַרישן

דו טאָרסט ניט שלומערן ווייטער,
בן־אָדם –
ס'איז היינט ווי תמיד
אַ נייע מאָדע:

די וועלט די ליכטיקע איז כלל ניט אַזוי סתם
בן אַדַם, מה לך נרדַם?..

## כנגד ארבעה בנים

### אַלץ צונויפגעקניפּט אין איינעם

ס׳איז ניט די ווערטער
ניט די קלאַנגען
ניט דער קנייטש
פון דורותדיקן
טייטש
ניט די מוזיק
פון שפּילעוודיקע טענער
ניט דער מאַמעס גלעט
צי טביה׳ס ווייכע בייטש
ס׳איז אַלצאינאיינעם
אַלץ אינאיינעם
צונויפגעקניפּט אין איינעם
וואו מענטש און דער כביכול
פאַרמישן
ליבע, שפּיל און שפּאָט
וואו סיי דער רבים
מאַכט אַ ברכה
און סיי
דער רשע
קערט זיך אום
צום אייביקן
אחָד

## קיינמאָלניט

וועסט מער ניט זיין דאָ
קיין מאָל ניט
קיינמאָל
קיינמאָלניט
מער
סיידן אַ טויבער
נאָכקלאַנג
פון אַן עכאָ
אַ שאָרך
פון דיינע
אַמאָל אַזוינע
דיקע ליפּן
זאָל האָבן
דאָ אַהער
צו אונדז
געהאַט זיך
אויף אַ ווייל
דערקליבן
און גרייכן גלייך אַהער
אַהער
אום אָנצוזאָגן
דעם וואַכיקן געהער
אַז מיר, אויך מיר
באַלד וועלן
שוין ניט זיין דאָ מער
קיינמאָלניט
קיינמאָל
קיין מאָל ניט
מער

## לאָגל ווײַן

דער שוין האַלב־פֿוסטער
לאָגל ווײַן
איז אָנגעפֿילט ביז האַלב
מיט פּײַן
און שפּאַנענדיק
אַלץ טריט נאָך טריט
ווייסט שוין אַליין
אויף זיכער ניט
וואָס זאַפּסטו מער
אין זיך אַרײַן
דעם טערפּקען ווײַן
דעם זיסן פּײַן
און צווישן ביידע
אינדערמיט
מיט ליכט פֿון פֿרײַנד
מיט פֿלאַם פֿון פֿײַנט
דורך מזל־ברכה גוט געהיט
באַנאַנד מיט שאָטן
און מיט שײַן
צוביסלעך
ווערסטו
אויסגעפּליקט

## שאַינדעלישל׳ס קלאָץ־קשיה

צי מע קאָן נאָך
געפֿינען
אַ סימן
אַ שמיץ
פֿון ערגעץ
אַ שפּליטער
אַ גליווער
פֿון אמת

אַז עמיץ
געלאָזט האָט
אַ לייבלעכן שפּור
אַ שנור
אַ צינור
אַ פֿאַרקלאָגטן
פֿון נעכטן
אַ רמז
אַן אָנוואונק
אַן אָנדענק
אַן עכטן
ניט סתּם אַבי וועמעס
ניט רק אַבי יענעמס
וואָס זאָל
נאָך אויפֿשיינען
אף על פּי
אף על פּי
אף על פּי
אַלע פּיינען
און מאַכן מער קלאָר
די אין־סופֿיקע וואָר
נאָך איידער
מ׳דערזעט הי
דעם לעצטן קאָיאָר

# כן יהי רצון

יעדן טאָג
אַ פּראָסטע תּפֿילה
אָן שום ווײַרעך,
שטילע, בלויז;
טוט די טיפֿעניש
אַנטהילן
ברוך הוא
ובֿרוך שמו

און איר אָפּהילך –
מילך און האָניק,
פֿאָליכראָניש
וועקט און שוינט,
וועקט און שוינט דיך
פֿאָליפֿאָניש:
כן יהי רצון

ס'לעבן דויערט פּריש
און בלײַביק
ווען ס'פֿאַרגייט
סײַ שטיין, סײַ שטאָל –
וואָס מיר שטערבלעך,
ווער מיר לײַביק, –
אחרי ככלות הכל

## וואָס בלייבט

וואָס בלייבט
ווען סע שטאַרבט דער זכרון,
וואָס בלייבט?
אַ דויער אָן יאָרן?
אָן נשמה דאָס לייב?

בעת די זייגערלעך טיקען
פֿאַרגייט, ווי געשטאָרבן.
די צייט אָן אַ תיקון
אין קברנישער טאָרבע...

וואָס בלייבט ווען די ליבשאַפֿט
מיט שנאה אינאיינעם
אַנטרינען אין ניוועץ
אויסגעשעפּט
ביזן דנא?

און ס'ניטאָ
ווער ס'זאָל קלאָגן,
ניטאָ ווער ס'זאָל וויינען,
די ציינער פֿאַרקלעמט,
"ביסט ניטאָ מער, ניטאָ!"

וואָס בלייבט ווען סע קראַכט
די געדענקשאַפֿט,
די בענקשאַפֿט
און אַלץ וואָס פֿאַרמאָגסט
ווערט צעקנוידערט און קרום?

און אפֿילו דער ווייטיק
ווערט שיער אויסגעליידיקט
און דער פֿיבער
פֿון עכטיקע לידער
אַנטשטומט?

## וואָס בלייבט?!

ס׳בלייבט אוודאי די אייביקע רגע
געפּאַקט מיט געדענקשאַפט,
מיט קינאות
און ליבעס,
מיט ניסים נפלאים
און געפּערלעכע סיבות.

יאָ, ס׳בלייבט איבער אַלץ
סיי שטויביק,
סיי גלייביק
די געטלעכע,
מעכטיקע,
מענטשלעכע
רגע.

פאַרשפּאָר זיך אויף ווייטער
צו חקירהן און פרעגן...

ו׳ שבט תש״ע

*

ווען אַ דיכטער
שרייבט פון טויט
אַ ליד
פליט דאַן פליט
אַ ווייסע קראָ
מעשה שוואַרצער נביא
(אין קרייז פון גרייז און גראָ)
צום כותל המערבי
און זי בלייבט דאָרט
שטום און שטאַר
איבער דעם דיכטערס
ליד און צער
מעשה הוילע ביין און הויט
איבער זיין געזאַנג פון טויט

# דעם רעגן אַנטקעגן

ה. בנימינען מיט ליבשאַפט

הערסט, רעגן,
מיר קענען זיך
שוין יאָרן,
יאָרן,
יאָרן
נאָר מיר
דיין קאַפּען
איז נאָך נמאס
ניט געוואָרן
און אויך
דיין גיסן זיך
שוואַליאָם
מיך ווייניק
קלעמט
אַ לויב דיר
וואָס דו קומסט
אַהער
פון ווייטער
הויכער
פרעמד
סיי טראָפּנווייז
סיי שטראָמענדיק
פאַרפלייצסטו
די טרוקעניש
וואָס גיט זיך
ניט קיין עצה
און ענדלעך
זוכט זיך אויס
אַ קאַפּעלע
מנוחה
פון דיר אויפסניי
אויפסניי,
אויפסניי –
צעפּליוכעט

## וואָרטס מוזיק

לזכר יעקב גלאַטשטיין

וואָרטס מוזיק וואַרט געהאָרכזאַם אויף אַן אויער
עס זאָל זיין פאַר איר געווירבל אַ טויער,
אַ פענצטער, אַ פתח־ה: האַ
אַ זשעדנער מין ברוך־הבאָ אַזאַ

בפירוש אַ ב ר ו ך ־ ה ב אָ
און ניט קיין פאַרוועגער "באָרכאַבע"
אַ פריידיק צעשטראַלטער אָ־האָ־האָ
איצט און דאָ

ניט קיין פאַרשימלט שטיקל עולם־הבא
נאָר עכטיקע, לעכטיקע
רעזאָנאַנץ

אַ כפרה די געקינצלטע עלעגאַנץ
פון כלומרשטע צניעות
געמאַכטע בקיאות
ניט דערקאָוועטע אַדערויפן
וואָס האַלטן אין איין רופן
און דערפירן אין ערגעץ

אַ ברכה אויף יעטווידן
מעגאַהערץ
וועלכער ערגערט זיך
ערגערט זיך
ניט

און פאַנגט די פראָפּאָרץ
פון געצאַפל אַ וואָרטס
און ווערט
דערהערטערהייט
אַ ליד

## ויאמר LOGOS

יצחק ניבאָרסקי - אַ מתנה

אין קיין קלאַנגען
איז ניטאָ
קיין מאַנגל
און די ווערטער,
צי מיט שאָטנס לאַנגע,
צי מיט קורצע עקן,
דאַנקען גאָט,
זיי קלעקן.

אויך דער ניגון,
בעסער: די ניגונים, –
הער, ווי ס'האַלט
אַלץ
קליגן זיך
און וויגן
ווי פון טיפן
ברונעם.

וואָס זשע,
וואָס זשע,
וואָס דיר פעלט
אויף דער גרויסער,
ווייסער
וועלט?

אמת, זי'ז אַליין
גאַנץ טויבלעך,
האַלב געליימט
אויףביידע אויגן
און פאַרחושכט
טאַפּט זי איצטער
אויס
איר דויער
אין דער פינצטער...

פּאָרט,
ביים מינדסטן ליכט
פֿון שטערן
טוט מען קלאָר
איר האַרץ
דערהערן
ווי עס דופּקט:
אָט, אָט, אָט –

ס'וואָרט ווערט וועלט,
וואָרט'ס וואָר
איז
גאָט!

## דרינגענדיקע מעלדונג

ס'ווערט געזוכט אַ פּאָעט
וואָס זאָל קאָנען פּאַרגראַמען
די שטילקייט
די קאָסמישע שטילקייט
מיט איר גאָרניט קיין קאָמישער
קילקייט
און דערלאַנגען
דאָס ליד
עקסטראַ סראָטשנע
אָן שהיות
בעת די זון די גאַנצפּריאיקע
גרייכט צו די וויעס
פון דער טיף נאָך אין שלאָף
אַ פּאַרזונקענער מוזע

ס'ווערט געזוכט אַ פּאָעט
א ו מ ע ט ו ם
דרינגענדיק
מעלדן דאָס
מוז מען

## די גראַמען

סײַ ייִנגערע
און סײַ די שפּעטע
די גראַמען – שיער
שוין אויסגעשעפּטע
און ס׳דאַכט צו־מאָל,
אַז זייער שעפּטשען
קער מערער גרילצן
איידער בענטשן
ס׳געהער פֿאַרשפּיצטע
פֿון אַ מענטשן.

נאָר דאָס, וואָס צווישן זיי,
די גראַמען,
טאָר ניט פֿאַרזשאַווערן,
פֿאַרוויאַנען
בעת זיי – סײַ ייִנגערע,
סײַ שפּעטע,
סײַ די, פֿאַרשעפּטשעט
אויסגעשעפּטע –
פֿאַרבינדן
וועלטן, תּהומען, ימען,
קיין מינדסטן זעמדל
ניט פֿאַרזאַמען.

## (אומ)פּערזענלעכע פּראָנאָמען

**זיי**

זיי וועלן קומען, אָדער ניין
ווען אַרט עס, סיידן זיי
וועלן יאָ אָמאָל פֿאַרשטיין
אַז קומען קומט מען ניט צו זיי
נאָר צו דעם, וואָס שפּרייט
און שפּרייט
דעם שרפֿהנדיקן ווײ,
און אויך די שיין פֿון פֿרייד

**איר**

איר קומט און ס'איז שווער אייך שוין איבערצוציילן
פֿון ווייטע מקומות, פֿון פֿאַרחושכטע היילן
קומט איר און מאָנט אַלץ: רק ברויט מיט תּענוגים
און האָפּסלט צעווילדעוועט סטעפּס, בוגי־וואוגי
אָט נאַט אייך דאָס ברויט, דעם זאַלץ און די ווײַנען
אַ ביס און אַ לעק און אַ שמעק אויך צום תּענוג
נאָר ס'העלפֿט ניט, כאָטש ווער גאָר אַ כופר בעיקר
איר קומט אַלע אָן אַלץ צערייסן אויף שטיקער

**מיר**

ווען וויסן זאָלן מיר געוויס
אַז ניט אויף אייביק איז דער ריס
אַז ביטער קען אויך ווערן זיס
און שיין – ניט ווערן מאוס און מיאוס
וואָלט מען גענומען זינגען קלאָר
ניט מורא האָבנדיק פֿאַרוואָר
וואָס וועט אונדז ברענגען דער קאַיאָר...
ניט וואָר?

## זי

זי שטייט און וואַרט, זי שטייט און וואַרט
דאָס ווינטל גלעט די האָר איר צאַרט
און אין איר וואַרטן וואַקסט אַ ליד
זי שטייט און וואַרט, קוים־קוים זיך רירט
צום טאַקט פון ליד און פון זיין וואַקסן
וואָס האַרציק צערטלט איר די אַקסל
און פון איר שטיין (צוריק קיין טראָט)
ווײַנט די וועלט און ס׳לאַכט דער גאָט

## מען

מ׳זאָגט אַז פאַרמאַכן, פאַרשפאַרן מע וועט
די זון מיט די שטערן, די פרי און די שפעט
אַ גרויסע בהלה, אַ פחד, אַ שרעק
שפרייט זיך און שפרייט זיך דערפאַר אָן אַן עק
איז וואָס אַז מע זאָגט, און אַז כלומרשט מע וועט
פון זאָגן ביז וועלן איז פאָלג מיך אַ גלעט
און גלעט איז דער אָנהייב, דער אָנהייב פון אַלץ
באַרואיק זיך, האַרץ

## ער

ווייל ער קען ניט, ער קען ניט, ער קען ניט
אַריבער
צי דען אומבאַדינגט מוז ער דעריבער
כסדר אַלץ קריכן און קריכן אַרונטער
אויף יענער זייט טרוים און אויף יענער זייט וואונדער
ס׳איז שווער צו פאַרשטיין און גאָר שווער צו פאַרדייען
נאָר ער טוט רק קריכן און קריכן
עד־היום

## איר

איר זאָגט אַז אַלץ איז שוין פֿאַרביי
קאָן זײַן, קאָן זײַן, כאָטש חי־וקיי
וועט מען ניט שרײַען, ניין
מערניט מ׳עט אָנהייבן אויפֿסניי
אַ שטיין צו שטיין
לייגן געטריי
און איר וועט זײַן דערפֿון באַפֿרייט
באַפֿרייט פֿון זיך אַליין

## דו

דו מיינסט אַז אַלע קוקן רק אויף דיר
אפֿילו ווען דו שטייסט אינמיטן רוישנדיקער גאַס
אַז רק נאָך דיר אַיעטווידער אַלץ שפּירט
צי פֿול מיט חן צו דיר, צי גאָר אויף דיר אין כעס
אַבי אויף דיר
מײַן פֿרײַנד, מײַן פֿײַנד, ס׳איז בלויז אַ שפּאַס
שפּאַר אויף די טיר, צי קריך אַרויס פֿון פּאַס
אויף אונדזער רוישנדיקער גאַס פֿון משוגעת

## איך

און אַז איך ׳על זיך נעמען צו דער זאַך
אַך
וועט אַלץ דאַן שטראָמען ווי אַ פֿידעלע
וועט דאַן דאָס בעסטע אַרויס אויף דער פֿלאַך
מיט אַ זעלטן געראָטן לידעלע
אַ קו וועט פֿליען איבערן דאַך
און לייגן וועט זי גילדערנע אייעלעך
אַך, לאָזט ס׳אָפּענע פֿענצטערל געמאַך
ווען ס׳פֿאַלן שטיל די ערשטע שניייעלעך

## CARPE DIEM

אַ ליד איז ווי אַ צייכענונג
מיט וואָכעדיקע ווערטער
וואָס מאַכט
די גרויע וואָכעדיקייט
האַרציקער און נענטער

וואָס מאַכט
די דריבנע פּרטימדיקייט
יום־טובדיקער, שבתדיקער
און דעם קורצן עולם־הזה
אַביסל
עולם־הבאדיק

איז אַנשטאָט צו זאָרגן
זינגט עס, זינגט עס
אדרבא
צי ס'אי דאָ, צי ניט
אַ מאָרגן
נאָשט
אַ שטיקל עולם־הבא

